# ביבליאָטעק יונגער לענינעץ

# ניקאָלײַ שטשאָרס



מינסק 1938

[illegible]

ביבליאָטעק יונגער לענינעצ

# ניקאָלײַ שטשאָרס

געזאמלט, איבערזעצט אונ ליטעראריש באארבעט

פונ נ. ווײַנהויז



מעלוכע-פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד
מינסק — נאצטעקטער — 1936

# פאָרװאָרט

אױפ דער זיצונג פונ צענטראלנ אױספיר=קאָמיטעט פונ פססר, װענ מע האָט איבערגעגעבנ די אָרדענס די באלױנטע קינאָ-טוער צומ 15-יאָריקנ יובילײ פונ דער סאָװעטישער קינעמאטאָגראפיע, האָט דער כ' סטאלינ באמ איבערגעבנ דעמ אָרדענ דעמ אוקראי-נישנ קינאָ=רעזשיסער דאָװזשענקאָ, א זאָג געטאָנ:

— פונ אימ קומט א בױז, ער דארפ שאפנ דעמ אוקראינישנ „טשאפײעװ".

װענ די זיצונג האָט זיכ פארענדיקט, האָט דער כ' סטאלינ געפרעגט באמ רעזשיסער דאָװזשענקאָ:

— פונ שטשאָרסנ האָט איר געהערט?

— יאָ—האָט געענטפערט דאָװזשענקאָ.

— גיט א קלער װעגנ אימ.

אָט די קורצע רעפליק פונעמ כ' סטאלינ איז גע-װענ דער אָנהײב פונ שאפנ דעמ אוקראינישנ „טשא-פײעװ".

אונ פונ אלע עקנ פונ גרױסנ סאָװעטנ=פארבאנד האָבנ זיכ אָפגערופנ די געװעזענע שלאכטמענער פונ שטשאָרס דיװיזיע, װעלכע האָבנ צוגעשיקט אינ צײ-טונגענ אונ זשורנאלנ זײערע זיכרױנעס, װעגנ דעמ

ניקאָלײ שטשאָרס.

העלדישן פיר-און-צוואנציק-יאָריקן קאָמאנדיר פון
דער ערשטער סאָוועטישער אוקראאינישער דיוויזיע—
ניקאָלײַ שטשאָרס.

מיט דעם ביכעלע ווילן מיר באַקענען דעם לייע-
נער מיטן לעבנס-וועג פונעם יונגן לעגענדארן העלד,
וואָס איז אומגעקומען אפן שלאכט-פעלד, קעמפנדיק
קעגן די סאָנים פון אונדזער סאָציאַליסטישן היימ-
לאנד.

# א בריוו פונ שטשאָרס טאָכטער צום כאווער סטאלינ

ליבער כאווער סטאלינ!

איכ געדענק ניט מײַנ פאָטער, איכ ווייס וועגנ אים נאָר פונ די דערציילונגענ פונ מײַנ מוטער אונ פונ אלטע קעמפער פונ דער 44-טער דיוויזיע, ווו איכ בינ געווענ ניט לאנג צו גאסט.

איכ האָב שוינ אסאכ מאָל געלייענט וועגנ דעמ, וויאזוי ער, צווישנ הונגעריקע ארבעטער, זאָרגט זיכ פאר די לעבעדיקע אונ געדענקט וועגנ די אומגעקומענע אינ קאמפ פאר אונדזער היימלאנד.

איכ בינ זייער גליקלעכ, וואָס כ'וועל באגלײַכ מיט אנדערע זעענ מײַנ פאָטער אפנ עקראנ, וויאזוי ער האָט געלעבט אונ געקעמפט פאר דער זאכ פונ די ארבעטנדיקע פונ דער גאנצער וועלט.

איכ לערנ זיכ גוט אונ זאָג צו זיכ לערנענ אונ ארבעטנ נאָכ בעסער, קעדיי זײַנ א נוציקער מענטש פאר אונדזער ליבער היימלאנד.

א גרויסנ דאנק דיר, כאווער סטאלינ!

שילערנ פונ 6-טנ קלאס

פונ דער ערשטער מוסטער-שול אינ מאָסקווע

וואליע שטשאָרס

# ניקאָלײַ שטשאָרס

אַפ דער סטאַנציע סנאָווסק אינ טשערניגאָווסטשי-נע, בא דעמ אָנערדיקנ קאָזאַק—שטשאָרס, וואָס האָט געאַרבעט אַלס מאַשיניסט אינ דעפּאָ, איז אינ 1895-טנ יאָר געבאָרנ געוואָרנ א זונ—ניקאָלײַ.

אויסגעוואַקסנ, האָט דאָס ייִנגל געקומענ גײנ אינ שול. ווענ ער האָט געענדיקט די דאָרפישע שול, האָט ער זיך געווענדעט צומ טאַטנ:

— „טאַטע, דערלויבט מיר זיך לערנענ ווײַטער“.

דער טאַטע האָט פאַרקלערטערהייט א זאָג געטאָנ:

— גענוג צו לערנענ, מענ דאַרפ שוינ העלפנ פאַרדינענ אַפנ לעבנ.—אונ ווו וועט מענ דאָס צונעמענ אַנ אָרעמ פויריש ייִנגל?

אינ גאַנצנ לאַנד איז דאַנ געווענ איינ אָרט, ווו מע האָט געקאָנט צונעמענ א פויעריש ייִנגל. דאָס איז געווענ די קיִעווער מיליטעריש-פעלדשערישע שול. אַהינ האָט מענ גענומענ אַפ קאַזיאָנע קעסט. דאָרט פלעגט מענ פאַר פיר יאָר צוגרייטנ „בראַווע“ פעלד-שערימ, וועלכע האָבנ געהיילט אַלע מענטשלעכע אונ פערדישע קראַנקײטנ מיט יאָד אונ ריצנייל.

ניקאָלײַ איז אָנגעקומענ אינ אָט דער שול. עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א פּעריאָד פֿונ מושטירנ, זדעקעס. צו זיבעצנ יאָר באַקומט ער דעמ אטעסטאט אפֿ פֿעלדשער. ניט אופֿהערנדיק די גאַנצע יאָרנ צו לייענענ אונ לערנענ זיכ, איז ער אַוועק ארבעטנ אינ אפּטייקנ אונ שפּיטאָלנ, באַקומענדיק פֿאַר זײַנ ארבעט גראָשנס.

עס זײַנענ פֿאַרבײַגעשוווּמענ פֿאַרשיידענע געשעענישנ. דעמ 24־טנ אפּריל 1915־טנ יאָר באַקומט ער א נײַעמ אטעסטאט, ער האָט מיטעלע בילדונג. דער פֿאָטער אונ זײַנע כאַווײרימ פֿונ דעפּאָ האָבנ אימ געזאָגט: „דו, ניקאָלײַ, דאַרפֿסט אונדז העלפֿנ. ס'קומט אָנ א צײַט—וועסט זענ, וואָס פֿאַר א געשעענישנ ס'וועלנ פֿאָרקומענ".

אונ ניקאָלײַ האָט געהאָלפֿנ. קײנ אײנ זשאַנדאַרמ האָט קײנ אײנ מאָל ניט פֿאַרהאַלטנ דעמ יונגנ אויסגעמושטירטנ מיליטערישנ פֿעלדשער. אונ ניקאָלײַ האָט געפֿירט דאָקומענטנ, געדרוקטע מאַטעריאַלנ פֿונ דער קיעווער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע, געפֿירט זײ פֿאַר די אײַזנבאַנער פֿונ טשערניגאָוושטשינע.

עס הײבט זיכ אָנ די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע. ניקאָלײַ ווערט געשיקט אפֿנ פֿראָנט. ער ווערט פֿאַרוווּנדעט אונ באַקומט א פּאַפּירל, אַז ער האָט טובערקוליאָז.

די דײַטשנ פֿאַרנעמענ אוקראַינע. די אוקראַינישע קאַפּיטאַליסטנ, פּריצימ, נאַציאָנאַליסטנ האָבנ זײ

אײַנגעלאדנ צו זיכ: „קומט אפ אוקראינע, מיר וועלנ אײַכ אלצ געבנ, נאָר שטילט אײַנ אונדזערע ארבעטער אונ פויערימ".

דער קראנקער שטשאָרס ווארפט זיכ אפ טשערני-גאָוושטשינע.

שטשאָרס איז געקומענ צו זיכ אהיימ. דער טא-טע זײַנער האָט זיכ אויסבאהאלטנ פונ דער דײַטשי-שער מאָביליזאציע. אינ שטוב האָט מענ געליטנ הונגער. די קלענערע ברידער אונ שוועסטער האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ צו ניקאָלײַעס רוקזאק. עפשער וועלנ זיי געפינענ א שטיקל ברויט. נאָר קיינ ברויט האָבנ זיי דאָרט ניט געפונענ.

— דאָרט איז געווענ ניט קיינ ברויט, נאָר האנט-גראנאטנ.

אָווענט-צו איז אויכ דער פאָטער געקומענ, דער פאָ-טער מיטנ זונ האָבנ זיכ פארשפארט אינ א צימער אונ אפ אָט דער בעראטונג האָבנ זיי באשלאָסנ אופ-הייבנ אנ אופשטאנד קעגנ די אוקראינישע קאפיטא-ליסטנ אונ פריצימ אונ קעגנ דעמ דײַטשישנ אימפע-ריאליזמ.

# וואָס עס דערציילט
# שטשאָרס ברודער—גריגאָרי

ווענ ניקאָלײַ איז אלט געווענ אכט יאָר, האָט אימ דער פֿאָטער אָפּגעגעבנ לערנענ זיכ אינ דער אײַזנבאנ-שול. ניקאָלײַ איז געווענ א שטילער, פֿארטראכטער, מיט שיינע בלויע אויגנ. ער האָט זיכ מיט אלצ אינטערעסירט, צו אלצ צוגעהערט זיכ, באמיענדיק זיכ אלצ באנעמענ. אָפֿט פֿלעגט ער דעמ פֿאָטער פֿארגעבנ אזא פֿראגע:

— אָט ארבעטסטו פֿונ פֿרי ביז נאכט, שטענדיק א פֿארשמירטער, א מידער, אונ עפּעס פֿעלט דיר, זאָג, פֿאָטער, דיר איז דאָרט שלעכט? מע שלאָגט דיכ?.. קויפֿ מיר גליטשערס, פֿאָטער, ווײַל איכ בינ אזוי מעקאנע מײַנע כאווײרימ, וואָס האָבנ גליטשערס.

דער פֿאָטער האָט אויפֿ דעמ געהאט אזא ענטפֿער:

דו וועסט אויסטערוואקסנ, וועסט אָנהייבנ פֿארדינענ אויפֿ ברויט, אָט ערשט דעמאָלט וועסטו וויסנ, פֿארוואָס אונדז לעבט זיכ שלעכט, פֿארוואָס איכ שמייכל ניט אונ גיי ארומ א פֿארשמירטער, א בייזער.

פונ קינדווײַז אָנ האָט ניקאָלײַ ליב געהאט לייענענ
ביכער. ער האָט זיי מאמעש געשלונגענ. אָפט פלעגנ
מיר אימ אויפזוכנ ערגעצ אינ א ווינקל, שטייענדיק
אונ הויכ לייענענדיק נעקראסאָווס, קאָלצאָווס, מײַנ־
רידס ביכער. די סאמע אינטערעסאנטסטע מאָנאָלאָגנ
אונ ערטער פונ די איבערגעלייענטע ביכער פלעגט ער
ארײַנשרײַבנ אינ א העפט. ניקאָלײַ פלעגט אלע אָוונט
לייענענ פאר אונדז אפ אויסווייניק „יעווגעני אָנעגינ“,
אונ „קאטערינע“—שעוטשענקעס. אינ די מינוטנ
פלעגט אפילע דער שטרענגער פאָטער אונדזערער
לויבנ ניקאָלײַענ אונ צוזאָגנ אימ קויפנ גליטשערס,
אונ קריגנ פאר אימ נײַע ביכלעכ.

ווענ ניקאָלײַ איז שוינ אונטערגעוואקסנ אונ אָנגע־
קומענ אינ קיעווער פעלדשער־שול, פלעגט ער, קומענ־
דיק אינ אורלויב, ברענגענ מיט זיכ צוגלײַכ מיט בי
כער פונ די רוסישע קלאסיקער אויכ דינינקע ביכע־
לעכ. לייענענ די דינינקע ביכעלעכ פלעגט ער אוועק־
גיינ צומ ברעג טײַכ סנאָוו. ערשט שפעטער האָט מענ
זיכ דערוווּסט, אז דאָס איז געווענ אומלעגאלע באָל־
שעוויסטישע ליטעראטור, וואָס ער האָט געבראכט
מיט זיכ פונ קיעוו. אָפט פלעגט אויכ דער פאָטער
ברענגענ פונ דעפאָ אזעלכע ביכעלעכ אונ בעטנ, אז
ניקאָלײַ זאָל זיי אימ לייענענ. ניקאָלײַ פלעגט עס גערנ
טאָנ. ווענ ניקאָלײַ פלעגט קומענ אינ אורלויב, זײַנענ
בײַ אונדז געווענ אָפטע געסט: דער סטראזשניק באנדא
אונ דער פריסטאוו. זיי פלעגנ קומענ, קלומערשט,

מיט א מערעט אויסטרינקענ מיטנ פֿאָטער, נאָר זיי האָבנ זיכ אינטערעסירט מיט דעם, וואָס עס טוט זיכ אינ ניקאָלייס קאָרזינקע, וואָס פֿאר א ביכער ער האָט פֿונ קיעוו געבראכט.

געוויס איז אינ סנאָווסקער פּאָליצײ-אָפּטײל געווענ א פֿאראָרדענונג פֿונ קיעוו, אז מע זאָל גוט אכטונג געבנ אפֿ דעם קורסאנט ניקאָלײ שטשאָרס, אונ ווענ דער סטראזשניק באגדא פֿלעגט אוועקגײנ, האָט דער פֿאָטער געזאָגט ניקאָלײען:

— היט זיכ, קאָליע, דו זעסט דאָכ,—אונ מיט די הענט פֿלעגט ער ווײזנ אפֿ די ייִנגערע ברידער אונ שוועסטער.—אפֿ דיר איז מײנ אײנציקע האָפֿענונג. דו דארפֿסט זיי ארויספֿירנ אפֿנ ריכטיקנ וועג.

אונ די מוטער פֿלעגט נאָכ די רייד זיכ באגיסנ מיט טרערנ, אונ פֿלעגט אים בעטנ זײנ וואָס ווײטער פֿונ פּאָליצייישע אויגנ.

— וויינט ניט, מוטער, אָט, אז מיר וועלנ זיינ, וועלנ מיר אָט די מיִעסע באנדע פֿארניכטנ.

ווענ מע האָט ניקאָלײענ צוגענומענ אפֿ דער אימפּע-ריאליסטישער מילכאָמע, האָט ניקאָלײ אינ זײנ בריוו, וואָס ער האָט געשיקט אהיים, אָט וואָס געשריבנ:

— איכ גיי אפֿ דער אומזיניקער מילכאָמע, אינ וועל-כער עס נוציקנ זיכ דער בלוט-זויגער דער קייסער, די קאפּיטאליסטנ, פּריצים אונ סאָכרים. נאָר מיר

וועלן אָט די מילכאָמע פאַרוואַנדלען אין א צווייטער מילכאָמע קעגן דעם קייסער דעם בלוטזויגער, קעגן די קאַפּיטאַליסטן און פּריצים.

אומקערנדיק זיך פון פראָנט, האָט איטן די פּאַרטיי אָנגעטרויט אָרגאַניזירן אָטריאַדן. איינציקווײַז האָט ער זיי צונויפגעקליבן. זיי פלעגן זיך צונויפקלײַבן אין וואַלד. פון שטוב פלעגן זיי אַרויסגיין, קלויז מערשט ווי יעגער, וואָס קלײַבן זיך אַף געיעג, אין וואַלד פלעגט ער האַלטן א קורצע רעדע. און די „באַוויירים יעגער" זײַנען גרייט געווען צו גיין נאָך זייער קאָמאַנדיר. אַזוי האָט ניקאָלײַ שטשאָרס גע- שאַפן דעם ערשטן פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. ניקאָלײַ האָט ניט לאַנג פאַרבראַכט אין דער היים. מע האָט פאַרמאַסערט, אַז בא שטשאָרסן געפינט זיך א זון א באָלשעוויק.

איז אָט, איינמאָל האָבן זיך צו אונדז אַרײַנגעריסן עטלעכע דײַטשישע סאָלדאַטן מיט אן אָפיצער, זיי האָבן געפאָדערט בא אונדזער מוטער, אַז זי זאָל זאָגן, ווו איז איר זון — דער באָלשעוויק. ניט דער- וואַרטנדיק זיך אַף קיין ענטפער, האָבן זיי זי אָנגע- הויבן שלאָגן. די מוטער האָט זיי געענטפערט, אַז קיין שום באָלשעוויק איז אין שטוב ניט פאַראַן, און ווו איר זון איז ווייסט זי ניט.

די דײַטשן האָבן איבערגעקערט די גאַנצע שטוב. זיי זײַנען געווען אין קעלער, אַפן בוידעם, זיי האָבן אַפילע אַרײַנגעקוקט אין דעם פּעקל מיטן וויער

קרויט, און בעשומויטן זיך ניט געקענט אָנשטויסן, אז... אין דעם זעלביקן פעסל מיט קרויט איז געווען באהאלטן מיין ברודער.

זיי האָבן גענישטערט אין אלע ווינקעלעך, געשאָלטן, געזידלט און ענדלעך, פאַרלאָזן אונדזער שטוב. ווען ס׳איז געוואָרן שטיל, איז מיין ברודער ארויסגעקראָכן פון זיין באַהעלטעניש.... איך געדענק, ער האָט דעמלט געזאָגט, אז זיין לעבן דאַרף ניט ער, נאָר די פּארטיי, די רעוואָלוציע.

— איך בין גרייט שטאַרבן, — האָט געזאָגט ניקאָלײַ, — נאָר שטאַרבן אזוי, אז פון מיין טויט זאָל די רעוואָלוציע האָבן אסאך נוצן.

באַנאַכט איז ניקאָלײַ מיט א גרופּע באַוויירימ ארויס הינטערן שטאָט, און אפּן פּראַכט-צוג, וועלכן עס האָט געפירט דער פאָטער אונדזערער, זיינען זיי אָפּגעפאָרן קיין האָמעל און פון דאָרטן קיין נאָוואזיבקאָוו, וווּ ער האָט פון די צעשפּליטערטע אָטריאַדלעך פאַר א קורצער צייט אָרגאַניזירט א שטאַרקן פּויסט—דעם רומפּולן באַגונער פּאָלק..

שטשאָרס איז געווען קאָמאַנדיר פון די באַהונצעס. אין פרייע מינוטן פלעגט זיך ניקאָלײַ אראָפּכאַפּן אהיים, און דאַן פלעגט אים די מוטער ארומנעמען, צעקושן זיינע גלידער, קוקן אים אין די אויגן אריין און מילד מיט מוטערשער ליבע פרעגן:

ביסט ניט קראַנק, מיין טייערער? דו מוזט עסן שלעכט; ועסט אוים זייער מאָגער.

— קוקט ניט, מאמעשע, וואָס איכ בינ מאָגער, איכ בינ שטארק אונ פעסט.

— היט זיכ, קינד מײַנס, דו ביסט דאָכ בא מיר דער עלטסטער, דער קליגסטער. איכ האָב דאָכ דיכ געלערנט, פונ דאָס לעצטע דיר געגעבנ, אלײנ לײַדנ מיר הונגער אונ קעלט, די אײנציקע האָפענונג ביסטו בא אונדז.

— ניט זאָרגט, מאמע. לײַדט צו נאָכ א ביסל. אָט, מיר וועלנ זיגנ, פארניכטנ אָט די הינטישע באנדע אונ אײַנשטעלנ די מאכט פונ ארבעטער אונ פויערימ, ערשט דאנ וועלנ מיר אָנהויבנ א נײַ, שײנ אונ פרײַ לעבנ.

שטשאָרס איז געקומענ. דער לעגענדארער, אומדערשרעקלעכער קאָמאנדיר. אונ גיכ פארשפרייט זיכ די יעדיִע איבער סנאָווסק. אינ שטוב, אינ הויפ, אפ דער גאס האָבנ זיכ צונויפגעקליבנ אלטע ארבעטער דעמ פאָטערס כאווײרימ, וואָס קאָנענ שטשאָרסנ פונ קלײנווײַז אָנ. עטלעכע זײַנענ ארײַנ אינ שטוב גענומענ שטשאָרסנ, ארויסגעפירט אפנ גאנעקל, עס האָבנ זיכ דערהערט אויסגעשרײַענ: „הורא שטשאָרסנ, לעבנ זאָל אונדזער פארטײדיקער! ווארפט אימ אונטער אינדערהויכ, ווארפט אימ אונטער". אונ צענדליקער הענט האָבנ אימ אונטערגעכאפט אונ אונטערגעוואָרפנ העכער פונ אלעמענס קעפ. ניקאָלײַ האָט זיכ גוטמוטיק אָפגעשלאָגנ, געשמײכלט, זײַנע האָר זײַנענ צעפודלט, די אויגנ האָבנ פרײדיק געפינקלט.

פארביטנדיק די האָר, דעמ רימענ, איז ניקאָלײַ ארויס אפנ גאנעק.

— כאווירימ, די אינטערווענטנ, פעטליוראָווצעס, ווײַסע גענעראלנ אונ אנדערע קאָנטער-רעוואָליוציאָנע-רע אויסוואָרפנ ווילנ דערטרינקענ אינ בלוט די ערשטע אינ דער וועלט פראָלעטארישע מעלוכע, ווו בא דער מאכט שטייט אונדזער ברודער: דער ארבעטער אונ פויער, נאָר זיי וועט זיכ עס ניט אײַנגעבנ, עס איז נאָענט די שעה פונ אונדזער זיג, ניט ווײַט איז די צײַט, ווענ די רויטע פאָנ פונ רעוואָליוציע וועט פלאטערנ איבער גאָר דער וועלט... דערווײַל איז נאָכ דער סוינע ניט פארניכטעט. דער כויוו פונ יעדער פראָלעטארישער אונ אָרעמער פויער איז — שטעלנ זיכ אינ אונדזערע רייענ אונ מיט דער ביקס אינ האנט פארטיידיקנ די סאָוועטישע אוקראינע. ווער ס'איז ניט מיט אונדז, יענער איז קעגנ אונדז!—האָט פארענדיקט ניקאָלײַ זײַנ רעדע.

עס איז שווער צו באשרײַבנ דעמ עפעקט, וואָס זײַנע ווערטער האָבנ איבערגעלאָזט. אונ ווידעראמאָל האָבנ זיכ אינ דער לופט געטראָגנ אויסגעשרייענ: הורא, זאָל לעבנ דער גרויסער לענינ, זאָל לעבנ די רעוואָליוציע!

דער מיטינג איז פארענדיקט, אָבער קיינער וויל ניט פארלאָזנ דעמ פלאץ, אונ פארנאכטלעכ האָט שטשאָרס אָפגעשיקט העכער פופציק מאנ פרײַוויליקע אינ קאָריוקאָווקע.

א צווייט מאָל איז ער געקומען צופעליק. דער-
וויסט זיך וועגן דעם, האָט די מוטער, וועלכע איז
אין שטוב ניט געווען, זיך געלאָזט לויפן אין שטוב
אריין.

— שטילער, שטילער, מוטער, וואָס לויפט איר
אזוי?—האָט איר בארויקט ניקאָלײַ.

— קאָלינקע, ניט זײַ בייז אַף מיר. אָט, ווען איך
דערזע דיך, דוכט זיך מיר, אז אין שטוב איז ליכטיקער
געוואָרן, און מיר ווערט אזוי גרינג-גרינג...

— ניט באַומרויקט זיך, מאַמע, נאָר אין גיכן וועט
אָנקומען די ליכטיקע צײַט, און איך וועל דעמלט
שוין ניט זײַן צווישן די לעבעדיקע, וועט די פאָוועטן
מאַכט אײַך ניט פארלאָזן.

שטשאָרס באקוקט די ווענט און זײַן בליק פאַלט
אַף די הייליקע בילדער.

— מאַמע, פארוואָס זאָלט איר ניט אראָפּנעמען
אָט די בערדיקע הייליקע? זיי זײַנען געהאנגען אזוי
פיל יאָר און גענוג.

די מוטער האָט צוערשט א שאָקל געטאָן מיטן
קאָפּ אַף ניין. נאָר דערנאָך האָט זי איבערגעקלערט,
צוגעגאנגען, אראָפּגענומען און ארויסגעטראָגן אַפן
בוידעם.

— אויב אזוי הייסט ניקאָלײַ, איז ריכטיק.

מיט די קלענערע ברידער פלעגט זיך ניקאָלײַ א
גאנצן טאָג שפילן. גריגאָרי—דער יינגערער ברודער
פלעגט אים נאָכגיין, ארײַנקוקן אים אין די אויגן.

— א שאָד, וואָס דו ביסט נאָך צו קליין, — פלעגט אים זאָגן ניקאָלײַ. — דו וואָלסט מיר צונוץ געקו-מען.

גריגאָרי האָט אָנגעטאַפּט בא אים אין קעשענע א רעוואָלווער און געבעטן ער זאָל אים עס שענקען א מאָמענט. ניקאָלײַ האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— אַפּ וואָס דאַרפסטו עס? אָט, ווען כ'וועל קומען צום צווייטן מאָל, וועסט אונטערוואַקסן, ווערן די-קער, וועל איך דיך מיטנעמען, דו וועסט זײַן דײַער פּאַנען-טרעגער, און אויב דו וועסט זיך גוט שלאָגן, וועל איך דיך נעמען צו זיך פאַר אן אדיוטאַנט. אַזוי איז עס, האָסט געהערט?

*

אין צוויי באַדאָשים אַרום האָט ניקאָלײַ שטשאָרס אָרגאַניזירט דעם ערשטן רויטאַרמייִשן אָטריאַד און פיר מעסלעס נאָכאַנאַנד האָט ער געפּאָרשט דעם לא-נער פון די דײַטשן.

ער האָט געבערדט מיט הונדערטער מענטשן. דער יאָך פון די דײַטשישע אָקופּאַנטן איז געווען אומ-דערטרעגלעך. שטשאָרס האָט געריידט מיט פּראָנטאָ-וויקעס: מיט רוסישע, אוקראַינישע, יידישע אַרבע-טער און אָרעמע פּויערים און נאָך אים זײַנען אַוועק בא 300 מאַן. די דײַטשישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן כאַפּן קלעפּ פון אינעווייניק. פון הינטערלאַנד. — פון

אנ אומבאוווסטנ מיליטערישנ טײל. דאָס איז געווענ שטשאָרס טײל. די אָרעמע פּויערימ האָבנ געהאָלפֿנ מיט שפּײַז, באגלײטער, געווער אונ באהאלטעניש.

אפֿ אוקראינע האָבנ זיכ צו יענער צײַט שוינ באַוויזנ אסאכ אזעלכע מיליטערישע טײלנ, נאָר גײנ קעגנ א גוט- אָרגאניזירטער ארמײ האָבנ זײ ניט געקאָנט. האָבנ זיכ די אָנפֿירער פֿונ די אָטריאָדנ צונויפֿגעקליבנ אונ אוועקגעפֿאָרנ צומ כאווער לענינ.

דער כאווער לענינ האָט אופֿמערקזאמ אויסגעהערט שטשאָרסנ — אונ אימ אָנגעטרויט דאָס פֿאָרמירנ רעגולערע מיליטערישע טײלנ.

צו שטשאָרסנ, וועלכנ מע האָט שוינ געקענט פֿונ זײַנע געלונגענע אָנפֿאלנ אפֿ די דײַטשנ, האָט זיכ א לאָז געטאָנ דאָס פֿאָלק. מע איז געקומענ פֿונ אוקראינישע שטעט אונ דערפֿער, באוויזנ די טונקל-רויטע צעפּאסעוועטע לײַבער אונ געמאָלדנ:

— מיר פֿארשרײַבנ זיכ פֿאר פֿרײַוויליקע.

אלע טאָג פֿלעגט ער ארויספֿירנ זײַנ פֿאָלק אפֿ מיליטערישע לימודימ. צו שטשאָרסנ זײַנענ אויכ ארײַנגעפֿאלנ קולאקישע עלעמענטנ, וואָס האָבנ געהאט אנ אופֿגאבע אימ אומברענגענ.

אײנער א דאָנער קאזאק, — אנ אונטערגעשיקטער, האָט צוגעקליבנ נאָכ אײניקע, ווי ער, אונ זײ האָבנ זיכ ארײַנגעריסנ צו שטשאָרסנ אינ צימער.

— נו, פֿארענדיק. גיב איבער די דאָקומענטנ, דאָס געלט, דעמ שטעמפּל אונ בעט „גאָט“.

שטשאָרס האָט זיכ ניט אופגעהויבנ פונ הינטערנ טיש, ער האָט געזאָגט צומ קאָזאַק:

— גלייכ גייט אוועק אונ גיט איבער מע זאָל אייכ ארעסטירנ.

דעמולט האָט עמעצער אָנגעקלאַפט אינ די לאָדנ. די לאָדנ האָבנ זיכ אופגעפראַלט. ס'האָט זיכ באוויזנ א צעשויבערטער קאָפ, וואָס האָט א זאָג געטאָנ צו שטשאָרסנ:

— קאָנ זיכ ניט, ווייל דו ביסט ארומגערינגלט.

שטשאָרס איז אופגעשטאנענ, געזאָגט אז ער גייט נעמענ די נייטיקע זאכנ. ער איז ארויס אינ צווייטנ צימער אונ צוריקגעקערט זיכ מיט א האנט-באָמבע. זיינ אויסזענ איז געווענ אזא, אז די בעהורע איז זיכ צעלאָפנ ווער וווהינ. ער האָט זיי נאָכגעשריגנ:

— „סוואָלאָטשעס, ווי וועל איכ מיט אזעלכע מיל. באָמע האלטנ, אויב פאר איינ מענטשנ אנטלויפט איר.

אינדערפרי איז דער בונט געווענ ליקווידירט.

שטשאָרס האָט קאָנטראָלירט זיינ פאָלק מיט איי- ניקע געלונגענע אטאקעס אפ די דייטשנ. די דייטשי- שע קאָמאנדירונג איז געווענ איבערראשט פונ די אומ- געריכטע אָנפאלנ אונ האָט צוגעשיקט א דעלעגאציע. דריי אָפיצערנ זיינענ געקומענ צופאָרנ אינ שטאב פונ באָגונער פאָלק. זיי האָבנ צומ ערשטנ מאָל דער- זענ פאר זיכ אזוי נאָענט די רויטע ארמיי. פאר זיי איז געזעסנ באמ טיש א מענטש מיט הורבויערנ.

דיקע בליקן פון זײַנע גרויסע ליכטיקע אויגן. רעכטס און לינקס פון אים זײַנען געשטאַנען די קאָמאַנדירן. בײַ יעדערן אַפּן אַרבל איז געווען אָנגענייט אַ רויטער ראָמב מיט געקרייצטע ביקסן און אַ קוילנוואַרפער. שטשאָרס האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט און ניט אײַנגעלאָדן די דײַטשן זעצן זיך.

דער דײַטשישער אָפיצער האָט געמאָלדן:

— איר באַומרויִקט מיט אײַערע אָנפאַליען די דײַטשישע אַרמײ. אין נאָמען פון דער דײַטשישער קאָמאַנדירונג לייג איך אײַך פאָר אויפהערן אַזעלכע האַנדלונגען, אויב ניט, וועלן מיר קעגן אײַך אַרויסשיקן צוויי דײַטשישע פאָלקן און איר וועט ווערן פאַרניכטעט.

שטשאָרס האָט אַ קוק געטאָן שטרענג און געענטפערט:

— ניט איך באַומרויִק אײַך, נאָר איר באַומרויִקט דאָס אוקראַיִנישע אַרבעטנדיקע פאָלק. ווער האָט אײַך אַהער גערופן?

שטשאָרס האָט זיך אָפּגעשטעלט, די קאָמאַנדירן האָבן זיך אויסגעצויגן. די דײַטשישע אָפיצערן זײַנען שטוואָס אָפּגעטראָטן. שטשאָרס האָט געזאָגט צו זיי:

— גיט איבער דער דײַטשישער קאָמאַנדירונג, אַז דאָס דײַטשישע מיליטער זאָל זיך אָפּטראָגן פון אונדזער טעריטאָריע. קעגן אײַערע פאָלקן וועלן מיר שיקן אונדזערע און זיי וועלן זײַן מערער און שטאַרקער.

פונ אינדערפרי ביז אָוונט האָט שטשאָרס נאָכ אָנ-געשטרענגטער גענומענ ארבעטנ אפ דער שלאַכט-גרייטקייט פונ זײַנ פאָלק. געלערנט גיינ, לויפנ קריכנ, שווימענ. די היקסנ זײַנענ געווענ אײַנגעשאָסנ, די מענטשנ זײַנענ געווענ פאַנאַנדערגעשטעלט אינ די ראָמעס.

—

אינ נאָיאַבער 1918-טנ יאָר, ווענ עס איז אָנגע-קומענ א ראַדיאָ וועגנ דער דײַטשישער רעוואָלוציע, איז שטשאָרס אליינ ארויסגעפאָרנ אינ 6-טנ דײַטשישנ פאָלק, וואָס איז אײַנגעשטאַנענ אינ שבײַנעס. די אָפי-צירנ האָבנ געפרוווּט אָפּשטעלנ אימ. ער איז דורכ צו די סאָלדאַטנ. באַגריסט זיי אונ צומ ערשטנ מאָל דערהערט דאָס דײַטשישע רעוואָלוציאָנערע „הורא", דער רויטער פאָלק-קאָמאַנדיר איז געווענ ארומגע-רינגלט פונ דײַטשישע סאָלדאַטנ, וועלכע האָבנ אימ געדריקט די הענט, ארומגענומענ, געגעבנ אימ צי-גארנ, צײַטונגענ אונ ווײַנ. שטשאָרס האָט גענומענ די צײַטונגענ, אונ, שמייכלענדיק, זיכ אָפּגעזאָגט פונ צי-גארנ אונ ווײַנ, ווײַל ער האָט קיינמאָל אפ זײַנ לעבנ ניט געטרונקענ אונ ניט גערויכערט.

אָט איז איינע פונ שטשאָרס טעלעגראַמעס אינ קרעמל:

„בײַ די דײַטשנ האָט זיכ געשאַפנ אראָט, ס'איז אײַנגעשטעלט א פארבינדונג, געווענ א צערעמאָניאַל. די דײַטשישע סאָלדאַטנ זײַנענ פאַרבײַגעגאַנגענ מיט

א צערעמאָניעלנמארש פארבײַ און
דזערע רויטארמײער, איבער דער
דײַטשישער קאזארמע הענגט א רויטע
פאָנ. אײניקע פונ די דײַטשישע סאָל־
דאטנ בלײַבנ בא אונדז אינ פאָלק".

די באגעגעניש פונ די דײַטשישע רעוואָליוציאָנערע מיליטער-טײלנ מיט די ארבעטנדיקע פונ אונדזער שטאָט איז געווענ אנ אופטרייסלענדיקע. די דײַטשנ זײַנענ פארבײַגעגאנגענ מיט א פאראדנ-מארש, און אינדערלופטנ האָט מינוטנווײַז געהילכט „הורא". זײ האָבנ געווײנט, זײ זײַנענ געווענ גליקלעכ פונ דעמ, וואָס צו הער מילכאָמע איז געקומענ א סאָפ. זײ האָבנ געציטערט פונ גליק אונ אופרעגונג אונ זײַנענ גע-בליבנ ווי פארשטײנערט, ווענ ס'איז פארבײַגעגאנגענ דער באָהונער פאָלק. דעמאלט האָבנ מענטשנ דערזענ, וואָס פאר אנ אויסזענ עס האָט די ווידקלעבע רויטע ארמײ. די באָהונצעם זײַנענ געגאנגענ נאָכ בעסער פאר די דײַטשנ. שטשאָרס האָט אויסגעלערנט זײַנ פאָלק.

אפנ אדרעס פונ אונעטשער פארטײ-קאָמיטעט איז אָנגעקומענ א טעלעגראמע פונ לענינענ. שטשאָרס האָט געענטפערט: „מיר האָבנ זיכ פאראײניקט מיט די דײַטשישע סאָלדאטנ, מיר שפּײַזנ זיכ פונ אײנ קיכ. די דײַטשנ אונ אונדזערע זינגענ דעמ „אינטער-נאציאָנאל".

שטשאָרס איז געווענ א באשײדענער, שטילער,

פול מיט ברויזנדיקער ענערגיע. אינ שלאכטנ האָט ער ארויסבאוויזנ אנ אומדערהערטע דרייסטקייט. ניט אומזיסט רופט מענ אימ אָנ מיטנ נאָמענ אומשרעקלעכער קאָמאַנדיר פונ דיוויזיע.

ווענ פאַר ניקאָלײַ שטשאָרסנ וואַקסט אויס א געפאר, גייט ער איר אַנטקעגנ, פונקט ווי ער באמערקט זי ניט. אזוי קאָנ נאָר טאָנ דער מענטש, פאַר וועמענ דער איקער אינ לעבנ איז—דער זיג פונעמ ארבעטער-קלאַס.

„די רעוואָליוציע דיקטירט, די רעגירונג באפעלט אונ מיר דאַרפנ אויספילנ", אזא איז געווענ שטשאָרס פאָרמולע.

ניקאָלײַ קומט אינ סנאָווסק, וווּ עס איז געשטאַנענ דער קורסקער פאָלק. דער קאָמאַנדיר פונ פאָלק ב ע ר ע ט י האָט זיכ פארנומענ מיט פאַנאַנדערלייגנ די רויטארמייִשע רייענ. שטשאָרס שטעלט די פראגע: ווער איז פאַר דעמ, אז מע זאָל בערעטינ פאַר קאָנטררעוואָליוציע שיסנ?

מענטשנ, וועמענ עס איז געווענ טײַער די רעוואָליוציע, האָבנ געענטפערט אינ איינ קאָל: — מיר!

שטשאָרס האָט ליב געהאַט זײַנע קעמפער, ער פלעגט וועגנ זיי זאָרגנ, ווי וועגנ אייגענע קינדער. אינ האַלבער נאַכט קומט ער ארײַנ אינ לאַזארעט. דאָרט ליגנ פארוווּנדעטע רויטארמייער, ער באַקוקט די ווּנדנ, נעמט אראָפּ דעמ בינט:

— ווענ האָט מענ איבערגעבונדנ?

שטשאָרס קוק איז אָנגעשטרענגט.

— הײנט.

— איר לײנט. הײנטיקע בלוט זעט אַזוי ניט אויס. אָט די וווּנד האָט מען שוין לאַנג ניט איבערגעבונדן.

— און ער פּלעגט צווינגען אָט דאָ אַפּנ אָרט, זי איבערבינדן.

אָדער אַזאַ פאַל:

די שלאַבטן זײַנען שטילער געוואָרן. שטשאָרס נעמט פּראָדוקטן און טראָגט עס אַלײן אין לאַזאַרעט די פּאַרוואַנדעטע און קראַנקע קעמפער און אַלײן באַהאַלט ער אויס, אַז ער איז קראַנק. בײַ שטשאָרסן איז געווען טובערקוליאָז.

מע האָט אים ליב געהאַט, נאָך אים איז מען געגאַנגען אין די גרעסטע געפאַרן. ווען אים האָט מען געוויזט אומעטום, ווו נאָר עס זײַנען געשטאַנען זײַנע טײלן.

א פויערישער יאַט איז געקומען פון אונעטשע.

— זאָגט נאָר: דאָ שטײען אײַנ באַהונצעס? איך מוז נויטיק זען שטשאָרסן.

ניקאָלײַ האָט אים אויפגענומען און אײַנגעאָרדנט א פּראָוו-עקזאַמען:

— מיר לעבן ניט גאָר אַזוי פריילדיק, מיר עסן שלעכט, — האָט אים אײַנגערעדט שטשאָרס, בײַ אונדז איז א שטרענגע דיסציפּלין, א שטרענגע קאַמפּאַרבעט...

און אַלײן אײַנגענעסן זיך מיט די אויגן אין יאַט.

דער געקומענער האָט זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן. אים שרעקן ניט אלע מײַסעס, ער וויל זײַן אין די העלדישע רייען פֿון די באַהונצעס.

א גוואַלדיקע אופּמערקזאמקײַט האָבן אָפּגעגעבן די כ"ב לעגין און סטאלין דאָס באַפרײַען די ארבעטנדיקע פֿון אוקראינע פֿון די העדעמאקעס, פּעטליוריסטע, דעניקינישע באנדעס און זייערע פֿארבינדעטע, וואָס זײַנען געקומען פֿון יענער זײַט גרענעץ.

שטשאָרס, א הויך־דיסציפּלינירטער באָלשעוויק, האָט געקאָנט באגײַסטערן יעדן איינעם מיטן ווילן צום קאמף פֿאר די אידייען פֿון לענין און סטאלין.

*

די רויטע ארמיי איז געגאנגען פֿאָרויס אויפֿן גאנצן גרויסן שטעך פֿון אוקראינישן פֿראָנט. אײַלנדיק קלאַמערנדיק זיך אָן דער מאכט, גיט דעמלט ארויס סימאָן פּעטליורע אין בעלאַ־צערקאָוו זײַן מאַניפֿעסט, אין וועלכן ער מאַכט נאָך די לאָזונגען פֿון דער ארבעטער־פּויערישער באָלשעוויסטישער באַוועגונג. אין די טעג קומען זיך צונויף צו פּעטליורען בא 50 טויזנט פּויערים־אויפֿשטענדלער. זיי העלפֿן אים ארײַננעמען אין קיעוו. זיי גייען שטורציק, באַוואָקסענע, מיט פֿאָנען „פֿאר דער מאכט פֿון די סאָוועטן". און ווען קיעוו איז שוין געווען בא פּעטליורען אין די הענט, האָבן

זײַנע אטאמאנענ באָבאָטשאנ אונ קאָװענקאָ אײַנגעאָרדנט דעמ פויערימ-צוזאמענפאָר א שמיצ־עקזעקוציע. אינ פאָלטאַװע האָט מענ אָפגעשמיסנ די דאָזיקע אופשטענדלער. אינ באַרקאָװ האָט מענ אינ פארלויפ פונ צװײ װאָכנ פיר מאָל צעגראָמירט די פראָפאריינענ. איבער אוקראַינע איז א דורכ א רופ: „פאַר די באָלשעװיקעס!“ „פאַר א ריכטיקנ אופשטאַנד“ אינ באװעגונג זײַנענ געקומענ צענדליקער אינ הונדערטער פארטײַישע אָרגאניזאציעס. פונ אונטער דער ערד זײַנענ אופגעשטאנענ באַהאלטענע אָטריאַדנ, װאָס זײַנענ אָרגאניזירט געװאָרנ מיטנ װילנ פונ ערשטנ צוזאמענפאָר פונ דער קאָמוניסטישער פארטײ באָלשעװיקעס פונ אוקראַינע, זומער 1918־טנ יאָר. שטשאָרס האָט אָנגעפירט דעמ באָהונער פאָלק אפ קיעװ. פעטליורעס עקלדיקע פראָװאָקאציע האָט געדארפט ליקװידירט װערנ.

שטשאָרס האָט זיכ אינ יענע טעג עפעס װי פארענדערט, ער איז געװאָרנ לעבעדיקער, פרײלעכער, ער איז געװענ אומעטומ. ער האָט אָפגעשיקט די דײַטשנ, צונעמענדיק פונ זײ דאָס געװער, דורכגעקאָנטראָלירט די שטיװל בא די רויטאַרמײער. ביז קיעװ איז געװענ צו גײנ גאנצ היפש, געבראַכט אינ אָרדענונג דעמ אָבאָז, דערפונדנ קײלנװארפער-שליטנס.

אינ אָט דער הײסער צוגרײטונג-צײַט זײַנענ צו שטשאָרסנ געקומענ פויערימ.

— „ניטמאָרגנ, דיאדקאָ מיקאָלע“! — דאָס, װאָס

די פויערים האָבן אים, דעם 23-יאָריקן, אָנגערופן „דיאדקע", איז געווען א באַווײַז פון גרויסער פאָלק-אכטונג. שטשאָרס האָט געענטפערט די אלטע אײדל און מילד. דער-עלטסטער האָט אָנגעוויזן מיט דער האנט אף די פארזאמלטע און געזאָגט:

— אָט, מיר זײַנען א קאַוואַלעריע-פאָלק, געוועזע-נע קאַוואַלערגארדן, קיראַסירן און אנדערע.

שטשאָרס פרעגט בײַ זיי:

— וואָ-זשע זײַנען אײַערע פערד?

— די אלטע: פערד האָבן מיר ניט, ווײַל מיר זײַנען אָרעמע לײַט.

— שטשאָרס: אוי, איז וועלן מיר נעמען פערד אין די שלאַכטן.

און אין דעם מאַרש אף קיעוו האָט ער ווירקלעך גענומען פערד, אלײן אף די סקלאַדן אָפגעקליבן און אויסגעזוכט פיקעס און שווערדן. די רויט-ארמייער האָבן באַקומען פערד, און שטשאָרס האָט באַפוילן מע זאָל זיי שטעמפלען. די אלטע האָבן צופרידן באַ-מערקט:

— א גוטער באַלעבאָס, מע זעט עס גלײַך.

די ארמיי האָט גיך אָנגעריבן, די פרעסט און מעטעליצעס האָבן ניט אָפגעלאָזן: „שלאָג פעטליו-רען"! האָט זיך געטראָגן איבער די רייען פון באָ-הונער און דעם שבײַנעסדיקן טאַראַשטשאַנער-פאָלקן. און דעמלט, קעדיי אָפשטעלן שטשאָרסן, האָבן די פעטליוריסטע אגענטן ארויסגעלאָזט א קלאַנג, אז א

צאַרישער, רוסישער גענעראַל שטשאָרס גייט פאַר-
קנעכטן אוקראַינע. שטשאָרס האָט אויסגעשטעלט די
טויזנטער געפאַנגענע פעטליוראַווצעס, אַרויס צו זיי
א פּאָשעטער אין זײַן שינעל און היטל מיטן רויטן
שטערנדל, און, שמייכלענדיק, גערעדט צו זיי אַפ אַ
פויערישער אוקראַינישער שפּראַכ: „אָ, צע יאַ
שטשאָרס“. ער האָט זיי דערציילט וועגן דער פאַר-
טיי, וועגן דער רויטער אַרמיי, דערמאָנט זיי אַלץ,
וואָס עס האָבן געטאָן די דײַטשישע גענעראַלן, פרי-
צים. מענטשן זײַנען צוגעטראָטן נענטער. שטשאָרס
האָט געפרעגט צי זײַנען זיי גרייט דינען דער זאַכ
פון פאָלק. און ווען די געפאַנגענע, שרעקלעכ אופגע-
בראַכטע אַפ פעטליורען, וועלכער האָט זיי אָפּגע-
נאַרט, האָבן געשריגן, אַז זיי וועלן טאָן אַלץ, דעמאָלט
האָט שטשאָרס געזאָגט צו זיי:
— גייט צוריק אין פעטליורעס אַרמיי, זאָגט אַלץ,
וואָס איר האָט געזען בײַ אונדז, בײַ די אַרבעטער און
פויערים, בײַ די באָלשעוויקעס פון אוקראַינע און
פירט מיט זיכ די אָפּגענאַרטע אַהער צו אונדז.
און די, וואָס זײַנען געווען עלטער און שוואַכער,
האָט שטשאָרס אָפּגעלאָזן אַהיים, איבערגעבנדיק זיי
צו די רעווקאָמען.

*

דאָ ניט לאַנג האָט מען אין איינעם פון די היס-
טאָרישע מוזייען פון דער סאָוועטישער אוקראַינע
געפונען אַן אויסערגעוויינלעכ אינטערעסאַנטן דאָקו-

מענט, וואָס זײַנען אוומער איז געוועזן שטשאָרס. דאָס איז אַן ענטפער פעטליורען, וועלכער האָט געזיצט די באָהונצעס, טאראשטשאַנצעס און אַנדערע רויטער, מײַישע טײלן „פאַנאַנדערגײן זיך אַהײם“.

מיר ברענגען דאָ דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן דאָקומענט:

## אַן ענטפער דעם גאַן העטמאַן פעטליורע.

—

מיר טאראשטשאַנצעס, באָהונצעס און אַנדערע קאַזאַקן — אוקראַינער רויט-אַרמײער — האָבן באַקומען דײַן שענדלעכן אופרוף.

אַזוי ווי אַמאָל האָבן די זאַפּאָראָזשער קאָזאַקן געענטפערט דעם טערקישן סולטאַן, פונקט אַזוי ענטפערן מיר דיר: געווען בײַ אונדז העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, איז ער געזעסן אַפן דײַטשישע שפּיזן, איז ער אומגעקומען דער פאַרשאָלטענער.

איז געקומען אַ נײַער פאַן — העטמאַן פעטליורע. האָט ער פאַרקויפט די גאַליציאַנישע אָרעמע פויערים די פוילישע פּאַנעס, האָט ער געשלאָסן מיט די פּאַנעס און פּריצים אַ שאָלעם.

האָט ער פאַרקויפט אוקראַינע די פראַנצויזן, רומענער און גריכן, האָט ער געשלאָסן אַ בונד מיט זײ קעגן אונדז — די אַרבעטנדיקע אָרעמקײט פון אוקראַינע. האָט ער פאַרקויפט די מאַמע אוקראַינע אונדזערע, האָט ער פאַרקויפט דאָס אָרעמע פאָלק.

זאָג, פאַרעטער, פאַר וויפל גראָשנס האָסטו אוקראַינע פאַרקויפט?

זאָג, פאַרעטער! נאָר ווייס, ניט הערשנ וועלנ די פריצים אפ אונדזער ערד.

מיר, די זינ אירע, אָרעמע האָרעפּאַשניקעס, וועלנ די קעפ לייגנ אונ זי פאַרטיידיקנ, אז עס זאָל בלײַבנ אפ איר פרײַער ערד ווייצ, אפ דער פרײַ געשניטנ — דורכ די אָרעמע פויערים פאַר זיכ, אונ ניט פאַר די רויבער, בלוטזויגער, באַלעגופים אונ פריצים.

יאָ! מיר זײַנענ ברידער די רוסישע אַרבעטער אונ פויערים, פונקט ווי מיר זײַנענ ברידער פונ די אַלע, וואָס קעמפנ פאַר דער באַפרײַונג פונ די אַרבעטנדיקע.

דײַנע ברידער, דו נידערטרעכטיקער פאַרעטער, זײַנענ די פוילישע פריצים, אוקראַאינישע באַלעגופים, צאַרישע גענעראַלן, פראַנצויזישע בורזשויעס.

אַליינ ביסטו אַ פאַלשער, ווי די פוילישע שלאַכטע, אומזיסט האָסטו פאַרשפּרייט קלאַנגענ: „מיר וועלנ זיי אַליעמענ אויסהאַרגענענ”.

— זאָג ניט האָפּ, איידער ביזט איבערגעשפּרונגענ! אַ קאַלוזשע איז פאַר דיר גרייט. דו וועסט ניט דערטראָגנ דײַנע הויזנ ביז זומער...

מיר האָבנ דיר אַזוי פײַנ די מאָרדע אָנגעריבנ, דײַנע ביינדעלעכ אַזוי אַ טשערעבע געטאָנ הינטער קאָראָסטענ, בערדיטשעוו אונ פּראָסקוראָוו. דײַנע פאַרבינדעטע האָבנ שוינ פאַרלאָזנ אָדעס.

די באַפרײַטע אונגאַרנ ציט אונדז אויס איר ברי-

דערלעכע האנט, די הענט פונ די פויערים פונ פוילנ, גאליציע, ציִענ זיכ צו דײַנ האלדז, פארעטער!

אוועק פונ אונדז, פארשאָלטענער, ווער דערשטיקט, הונט.

אינ נאָמענ פונ די פויערים, קאזאקנ אוקראִינצעס, די קאָמאַנדירנ פונ די רויטע קאזאקנ, די אטאמאנענ: שטשאָרס, באָזשענקאָ, קוויאטעק, פרימאַקאָוו א. אנד.

שטשאָרס ענטפער איז פארשפרייט געוואָרנ אינ צענדליקער טויזנטער עקזעמפליארנ צווישנ די פעטליורישע טײלנ.

אָפּשטעלנ דעמ אָנגריפ פונ די באָהונצעס האָבנ ניט געקאָנט אפילע די בעסטע קאדראָווע טײלנ פעטליורעס,—די „קורעני סמערטי"—די פאָלקנ פונ טויט. מיט אויסגערעכנטע ארומגאנג-מאַרשנ האָט שטשאָרס גענומענ א פונקט נאָכ א פונקט.

אינ בראָוואָרי, פארנ שטורעמענ קיעוו איז געווענ א דורכקוק פונ די באהונצעס. עס זײַנענ געגאנגענ קלאַנגענ, אז פעטליורע האָט צוגעגרייט 167 הארמאָטנ אונ פונעמ הויכנ רעכטנ דנעפר-ברעג וועט ער שלאָגנ שטשאָרסנ. שטשאָרס האָט אָנגעהויבנ זײַנ מאַרש. פעטליורע האָט ניט אויסגעהאלטנ, ער האָט געוווּסט, אז ס'וועט שווער זײַנ זיכ ארויסגליטשנ פונ דער ארומרינגלונג אונ איז אנטלאָפנ. דעמ 5-טנ פעברואַל איז שטשאָרס ארײַנ אינ קיעוו.

שטשאָרס איז געוואָרנ קאמענדאנט פונ שטאָט. אָט איז אײנער פונ זײַנע באפעלנ:

„אלע ראיאָנע קאָמענדאנטנ נע-
מענ אפּנ דיסקאָנט אַלע בורזשואזע
הײַזער, באזונדערע פּאלאצנ, וווי-
נונגענ א. א. וו. דיסקאָנטירנ זיי אינ
סטראטעגישער הינזיכט, ווי אויכ
קעדיי צו באזעצנ אינ זיי די ארבע-
טער, וואָס פוילנ נאָכ ביז איצט
אינ קעלערנ אונ כאטעס".

אינ קיעוו איז גענומענ געוואָרנ בא דרײַ טויזנט קוילנוואַרפערס, העכער הונדערט טויזנט סנאריאדנ, בא הונדערט הארמאטנ, 20 טויזנט ביקסנ, 17 מי-ליאָנ קוילנ, 300 אווטאָמאָבילנ, בא א מיליאָנ אלטע שינעלנ, 40 טויזנט גימנאסטיאָרקעס, בא 50 טויזנט פּאָר שטיוול א. א. וו. שטשאָרס האָט אליינ באקוקט די סקלאדנ, באַרעכענענדיק די מעגלעכקײַט פונ פא-נאנדערוויקלענ די קויכעס פונ דער רויטער ארמיי.

*

די פיגור פונ ב' שטשאָרס הייבט ערשט אָנ אויס-בילדנ זיכ פאר אונדז, ווי א פיגור פונ א לעגענדארנ שלאכטמאנ אונ קאָמאנדיר, פאר זײַנ קורצנ לעבנ, וואָס לייגט זיכ ארײַנ אינ קאָמיוגישנ עלטער, האָט ניקאָלײַ שטשאָרס ארויסגעוויזנ קאָלאָסאלע פייִקײַטנ אונ האָט באוויזנ א מוסטער פונ א גלענצנדיקנ אָרגא-ניזאטער אונ קאָמאנדיר פונ פארטיזאנישע אָטריאדנ

אונ דערנאָכ קאָמאנדיר פונ דער ערשטער אוקראינישער דיוויזיע.

שטעלט אײַכ פאָר א ברייט פעלד. אונ אפ איר גרופּקעס רויטארמייער. די ביקסנ שטייענ אינ קאָזלעס. די פערד כראָמטשקענ געשמאַקנ האָבער, דער האַרמאָניסט האָט זיכ צעשפּילט. דאָס זײַנענ מינוטנ פונ אָפּרו אונ שטשאָרס גייט אומ פונ איינ גרופּקע צו דער צווייטער, ער פאַרווײַלט זיכ, ער דערציילט מיט א געזונטנ געלעכטער, וויאזוי די פּעטליוראָווצעס שיסנ שלעכט, וויפל זיי האָבנ ניט געצילעוועט אינ שטשאָרסנ האָבנ זיי ניט געטראָפנ. שטשאָרס נעמט אראָפּ דאָס היטל אונ באווײַזט צוויי לעכער פונ קוילנ אינ צוויי ערטער.

*

אינ 1918-טנ יאָר זײַנענ די טיילנ פונ באהונער פּאָלק צוגעקומענ האַרט צו טשערניגאָוו. די ווײַסע האָבנ פונ דעמ ניט געוווּסט. אינ דעמ טאָג איז אינ הויז פונ גענעראַל-גובערנאַטער אײַנגעאָרדנט געוואָרנ פאַר די „אײדעלע אָפיצערנ, פאַר די גענעראַלנ א מיטעק מיט ווײַנ, מוזיק אונ טענצ“. די הוליאַנקע האָט געדויערט ביז טאָג. די אָפיצערנ האָבנ דאָרט געשוואָרנ, אַז אינעמ סאַמע קירצסטנ טערמינ וועלנ זיי דערשטיקנ די באָלשעוויקעס. אינ דער זעלבער צײַט האָט זיכ א ראָטע פונ באהונער פּאָלק אינדערשפּיצ מיט

איר העלדישנ קאָמאנדיר ב׳ שטשאָרס, אומדער-
ווארט פאר די ווײַסע, ארײַנגעריסנ אינ טשערניגאָוו.
אינ הויז פונ גענעראל-גובערנאטער האָט זיכ אויפ-
געהויבנ א פאניק. פארשלאָפענע, האלב-אויסגעטאָנענע
סאָלדאטנ פונ דער ווײַסער ארמיי האָבנ זיכ געפרוווט
נעמענ א ווידערשטאנד. אונ אפ איינעמ פונ די שטאָ-
טישע פלעצער, ווו א ראָטע יונקערס זײַנענ געווענ
גרייט צומ שלאַכט, באווײַזט זיכ שטשאָרס מיט
פופצנ רויטארמייער. ס'דערהערט זיכ א קאָמאנדע:
— באטאליאָנ — איבער די ווײַסע סוואָלאָטשעס—
פײַער!

די רויטארמייער עפענענ א פײַער פונ ביקסנ.
די יונ-קערס זײַנענ גיכ אינ פאניק זיכ צעלאָפנ, טשערניגאָוו
שטשאָרס שיסט פונעמ האנט-קוילנוואָרפער. די יונ-
איז גענומענ.

איבער זשיטאָמירער שאָסיי צווישנ צווי שיינע
אלייעס בײַמער האָט געיאָגט א לאסט-אויטאָמאָביל
מיט באוואָפנטע רויטארמייער. אנטקעגנ האָט זיכ גע-
טראָגנ אנ אויטאָמאָביל. די שארפע אויגנ פונעמ
נאטשדיוו שטשאָרס האָבנ באמערקט אפנ ראדיאטער
פונ אויטאָמאָביל א בלוי-געל פענדל — פעטליוראָוו-
צעס!

לויט די באוועגונגענ פונ די פעטליוראָווצעס האָט
מענ געקאָנט פארשטיינ, אז זיי האָבנ שוינ אויכ בא-
מערקט אונדזער מאשינ. שטשאָרס איז רויק געזעסנ,

אונ בלויז לויט דער באַוועגונג פונ די מוסקולנ אפנ געזיכט האָט מענ געקאַנט פאַרשטיינ, אז דער נאַטש-דיוו באַטראַכט דעמ פלאַנ פונ דער באַגעגעניש.

דער לאַסט-אווטאָמאָביל האָט פאַרקלענערט דעמ גאַנג, ביידע מאַשינעס האָבנ זיכ באַגעגנט.

— ווער זײַט איר? — האָט געפרעגט א פעטליו-ראָוועצ מיט א רעוואָלווער אינ דער האַנט.

לאַנג קלערנ טאָר מענ ניט. אפ שטשאָרס היטל האָט געפינקלט א פינפעקיקער רויטער שטערנ.

„קאָמוניסטנ! — האָט זיכ צעשריִענ דער פעטליו-ראָוועצ, אונ זיכ אויסגעזידלט.

אונדזער מאַשינ האָט זיכ פלוצלונג א ריס-געטאָנ פאָרויס. דאַנ האָט זיכ שטשאָרס אופגעשטעלט אונ א וואָרפ געטאָנ א האַנט-באָמבע אינ דער מאַשינ פונ די ווײַסגוואַרדייער.

אונדזער לאַסט-אווטאָמאָביל האָט זיכ צעיאָגט מיט א קאָלאָסאַלער גיכקייט. אַ פאָר סעקונדעס — אונ דער קנאַל פונ דעמ אויפרײַס האָט זיכ דערטראָגנ צו אונדזערע אויערנ. שטשאָרס האָט אַראָפגענומענ דאָס היטל, אונ באַטראַכטנדיק דעמ רויטנ שטערנ, זיכ צעלאַכט אפנ-קאָל.

שטשאָרס האָט קיינמאָל ניט דערמאָנט די דאָזיקע געשעעניש. אינ זײַנ רײַכנ, פילפאַרביקנ קאַמפ-לעבנ איז דאָס געווענ א קליינער עפּיזאָד.

*

אין די שלאַכטן פֿאַר דער מאַכט פֿון די ראַטן האָט ער געפֿירט צענדליקער טויזנטער שלאַכטמענער.
— איך געדענק א הייסן שלאַכט אין בערדיטשעוו, — דערציילט דער כאַווער גאַנצעראָווסקי — נאַטשאַל-ניק פֿון שטאַב. — די פּעטליוראָווצעס האָבן פֿאַרנו-מען די שטאָט. אונדזערע האָבן אָפּגערייניקט די פּאָזיציע. א שיסעריי, א פֿאַרלוירנקייט, מיר זײַנען צו-געפֿלויגן צו בערדיטשעוו, — א ספּעציעלער לאָקאָ-מאָטיוו און איין וואַגאָן. שטשאָרס איז אַרויסגע-שפּרונגען אַף דער פּלאַטפֿאָרמע. די סטאַנציע איז ליידיק. ניטאָ ניט דער קאָמענדאַנט, ניט די אײַזנבא-נער. אונטער א לאַמטערן זיצט א גרופּע אָדעסער כעווורע און שפּילט געשמאַק אין קאָרטן. דער קאָם-דיוו איז צוגעגאַנגען.

— עפּשער וועט איר מיך אויך אַרײַננעמען אין קאָן?...

בײַ די כעווורע זײַנען אַרויסגעפֿאַלן די קאָרטן פֿון די הענט, א מאַטראָס האָט זיך אויפֿגעהויבן, ער קוקט מיט בלאַנדזשענדיקע אויגן.

און פּלוצים, אַז ער שטשאָרס טוט א געשריי: — אויס-וואַרפֿן! דאָרט שטיקט מען די רעוואָליוציע, און איר דאָ...

ער האָט אַרויסגעכאַפּט באַם אַדיוטאַנט דעם האַנט-קוילנוואַרפֿער:

— נאָך מיר!..

אלע האָבנ זיכ א רים געטאָנ נאָכ אימ מיט פֿרײַלעכע געשרייענ. דאָס איז געווענ אנ אויסערגעוויינלעכ אומפֿאַרגעסלעכ בילד. מיט א קוילנוואַרפֿער אינ די הענט איז שטשאָרס געלאָפֿנ איבער די גאַסנ אנטקעגנ די אַנגרײַפֿנדיקע פּעטליוראָווצעס. נאָכ אימ — מיט די שפּיזנ גרייט — האָבנ זיכ געטראָגנ מענטשנ אונ געשריענ — „הורא"! צו זיי זײַנענ צוגעשטאַנענ פֿאַרוווּנדעטע. אונ ווי נאָר די אָפּטרעטנדיקע רייענ האָבנ דערזענ זייער קאָמאַנדיר, זײַנענ זיי באַלד אַריבער אינ א קאָנטר-אַטאַקע. די רויטאַרמייער האָבנ זיכ, ווי די לייבנ, א וואַרפֿ געטאָנ אפֿנ סוינע.

ענדע דעקאַבער 1918-טנ יאָר האָט דער באָהונער פּאָלק, אונטער שטשאָרסעס קאָמאַנדע, אָפּגעשטויסנ די פּעטליוראָווצעס, אונ אינ שלאַכט זיכ גערוקט פֿאָרויס אפֿ טשערניגאָוו. הינטערנ שטעטל סעדניעוו איז פֿאָרגעקומענ א הייסע שלאַכט.

10 קילאָמעטער פֿונ שטעטל האָט מענ זיכ דערווּסט, אז סעדנייעוו איז פֿאַרנומענ פֿונ אנ אומבאַדײַטנדיקער צאָל הײַדאַמאַקעס. שטשאָרס האָט באַפֿוילנ דעמ נאַטשאַלניק פֿונעמ רײַטער-אויסשפּיר פֿאַרנעמענ דאָס שטעטל.

אינ דער פֿולער זיכערקײַט, אז דער באַפֿעל איז אויסגעפֿילט געוואָרנ, האָט דער פּאָלק פֿאַרגעזעצט דעמ מאַרש. נאָר בײַ דרײַ קילאָמעטער פֿונ שטעטל האָט מענ דערזענ דעמ אויסשפּיר-אָטריאַד. עס האָט זיכ אַרויסגעוויזנ, אז פֿונ טשערניגאָוו איז אומהער.

וואַרטעט אונטערגעקומענ א פײַנטלעכער אָטריאַד צו־
הילפ די הײַדאַמאַקעס, אונ דער דאָזיקער אָטריאַד
האָט עמ ארויסגעשטויסנ דעמ אויסשפּיר־אָטריאַד
פונ שטעטל.

דאַנ האָט שטשאָרס מיט 38 קאַוואַליריסטנ זיכ א
וואָרפ געטאָנ אפ די הײַדאַמאַקעס. דער סוינע האָט
גענומענ אנטלויפנ אונ איבערגעלאָזט פאַר די באַ־
הונציעס א האַרמאַט, זעקס קוילנוואַרפער, דעמ גאַנצנ
אָבאָז אונ אסאַך פערד.

אַזוינע עפּיזאָדנ, וואָס באַווײַזנ די העלדישקײַט, ניט
פאַרלאָרנקײַט, ניט שרעקעוודיקײַט פונ ניקאָלײַ
שטשאָרסנ זײַנע פאַראַנ הונדערטער. עס איז גע־
ווענ א פאַל. אַז ווענ שטשאָרס האָט דורכגעפירט אינ
א שטוב א באַראַטונג מיט זײַנע קאָמאַנדירנ, האָט
מיטאָמאָל פונ סאָסנע־וועלדל, וואָס האָט זיכ געפונענ
ניט ווײַט פונ שטיבל, אָנגעהויבנ טרעשטשענ א קוילנ־
וואַרפער. שטשאָרס האָט זיכ ניט פאַרלאָרנ אונ, אונ־
טער דעמ האָגל קוילנ, האָט ער אָפּגעגעבנ די קאָמאַנ־
דירנ רוקנ פאַראָרדענונגענ, אינ וועלכנ אָרט מע
זאָל גרופּירנ די קויכעס. אונ אַלײנ זיכ דער ערשטער
געוואָרפנ אינ אַטאַקע מיט זײַנע באָהונצעס. דעמ
סוינע האָט מענ צעקלאַפּט.

יעדער רויטאַרמייער האָט געקוקט פאָרויס —
דאָרט, ווו עס האָט זיכ געפונענ דער באַליבטער קאָ־
מאַנדיר פונ פאָלק — שטשאָרס. יעדער שלאַכט־מאַנ
האָט געשטרעבט אַהינ, וווהינ עס האָט געשטרעבט

שטשאָרס. און שטשאָרס האָט שטענדיק געשטרעבט בלויז פאָרויס.

די שלאכטנ האָבנ זיכ אלצ מער אונ מער פאנאנ־דערגעפלאקערט. פארשיידענע אטאמאנענ זײַנענ אוועק אינ די וועלדער, אָרגאניזירנדיק באלעגופישע אָטריאדנ. פונ גאליציע האָבנ זיכ גערוקט צו הילפ פעטליורעס קאדראָווע קאָרפוסנ. שטשאָרס איז בא־שטימט געוואָרנ אלס נאטשאלניק פונ דער ערשטער אוקראאינישער סאָוועטישער דיוויזיע.

ס'איז אָנגעקומענ דער אוקראאינישער פרילינג. שטשאָרס איז אוועק מיט זײַנ דיוויזיע אפ וויניצע. זי איז גענומענ געוואָרנ פונ שטשאָרסנ. דאָס פארנעמענ וויניצע איז פאָרגעקומענ אזוי בליצשנעל, אז דער טאראשטשאנער פאָלק מיט זײַנ קאָמאנדיר באָזשענקע, וועלכע האָבנ ניט געוווּסט פונ דעמ, איז אוועק אינ אָנגריפ אפ וויניצע.

שטשאָרס מיט קוויאטעקנ האָבנ זיכ איבערגעקוקט אונ קוויאטעק האָט אוועקגעשיקט אנטקעגנ באָזשענ־קאָנ א דעלעגאציע מיט ברויט אונ זאלצ. ווייער פיל האָט מענ געלאכט פונ דעמ וויצ. באָזשענקאָ האָט געזאָגט קוויאטעקנ, אז ער וועט ניט בלײַבנ קיינבאל־כויוו, אונ האָט פארנומענ זשמערינקע, פארכאפנדיק 200 הארמאטנ, 160 קוילנוואַרפער אונ 5 טויזנט ביקסנ.

די אונטערגעקומענע פעטליורישע רעזערוונ האָבנ זיכ דערווײַל א וואָרפ געטאָנ פונ דער זשיטאָמירער

ריכטונג גלײַכ אפ קיעוו. ארומ קיעוו האָבנ זיכ, ווי
א רינג, ארומגעשלאָסנ די באַנדעס פונ סאָקאָלאָוו-
סקי, זיעליאָני און אָנגעל. די שלאַכטנ זײַנענ שוינ גע-
גאַנגענ אינ די פאָרשטעט פונ קיעוו. שטשאָרס האָט
בליצשנעל אריבערגעוואָרפנ די דיוויזיע. ס'האָט זיכ
אָנגעהויבנ א גענעראַלער שלאַכט פאַר קיעוו, וועל-
כער האָט זיכ געצויגנ דעמ גאַנצנ מארט און א טייל
אפרעל. דאָ זײַנענ די שטשאָרסאָווצעס אוועק אינ
אטאַקע איבער דעמ ברענענדיקנ בריק פונ טשאַב טע-
טערעוו. מיט די הענט האָבנ זיי געלאָשנ די אָנגעצונ-
דענע ביקפאָרד-שנורנ.

אונטער בערדיטשעוו, אינ צוזאַמענ מיטנ טא-
ראשטשאַנער פאָלק און מיט דעמ מאטראָסישנ פאנ-
צער-צוג „גראָזני", געגאַנגענ אינ שלאַכט די יידישע
ארבעטנדיקע יוגנט. זי איז געגאַנגענ דרייסט אינ
שלאַכט.

איינ טאָג פונ „בערדיטשעווער גענעמ", ווי
שטשאָרס האָט אָנגערופנ די שלאַכטנ, האָבנ געמאַכט
פונ אָט דער יוגנט דערפאַרענע רויטארמייער. דאָרט
איז פאָרגעקומענ די באַרימטע אַטאַקע, ווענ שווינ-
דיק זײַנענ זיכ צונויפגעגאַנגענ מיט די שפיזנ, אינ
גלײַכע שערענגעס, די ווײַסע פאָלקנ פונ גאַליציע
און שטשאָרס באַטאַליאָנענ — זיי זײַנענ זיכ צו-
נויפגעגאַנגענ און פאַנאַנדערגעגאַנגענ צו 6 מאָל אינ
מעסלעס.

די פעטליורישע ארמיי איז אָפגעשלײַדערט גע-

וואָרנ. שטשאָרס דיוויזיע האָט פאַרנומענ א פראָנט פונ 450 קילאָמעטער אונ געווירקט, ווי א באַזונדערער ארמייִשער קאָרפּוס.

שטשאָרס האָט ניט געוועלט, באַטראַכטערהייט פאַנאַנדערגעוויקלט זײַנ דיוויזיע ביז 9 פאָלקנ. ער האָט באַשאַפנ אינ זשיטאָמיר א קורסאַנטנ-שול, אָפּגעקליבנ 300 בעסטע ארמייער פונ זײַנ דיוויזיע. אינ דרײַ טעג איז די זשיטאָמירער יעפּאַרכיאַלע שול פאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ קורסנ פונ רויטע קאָמאַנדירנ. שטשאָרס האָט זיי אויסגעשטעלט אונ געזאָגט:

— פאַר 6 באַדאָשים, אונ עפּשער שנעלער, דאַרפט איר ווערנ קאָמאַנדירנ. איכ וועל אײַכ העלפנ. פאָרויס, באַוויזט, שטייענ פאַר זייער שווערע שלאַכטנ.

דאָס איז געווענ די צײַט, ווענ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ דעניקינס אָנגריפ. עס זײַנענ נאָכ ניט געווענ קיינ אליאַרמ-סיגנאַלנ, נאָר שטשאָרס האָט זיכ שוינ געגרייט אונ פאַנאַנדערגעוויקלט די קאַדרענ.

ער האָט געוווינט אינ זשיטאָמיר, אינ א קליינ שטיבל. צוויי אַלטיטשקע האָבנ אים געקאָכט סופּ, אונ זײַנ באַליבטסטע — גריקענע קאַשע. ער פלעגט קומענ צו די קורסאַנטנ אינמיטנ נאַכט אונ צורעכט מאַכנ זיי די קאָלדרעס, געלערנט די דניעוואַלנע, ווי מענ דאַרפ צונויפלייגנ די אויסגעטאָנענע קליידער, דערקלערט פאַרוואָס מענ דאַרפ זיכ ניט איבערדעקנ מיט דער קאָלדרע איבערנ קאָפּ. ער פלעגט קומענ אפ די פאַרנעמונגענ גאַנצ פרי. פאַר אים זײַנענ

געווענ 300 יונגע אָפגעקליבענע יאַטנ. ער האָט זיי אַליינ אויסגעקליידט אינ גוטע גימנאַסטיאָרקעס מיט אָפגעלייגטע קאָלנערס. אונ אינ טוכענע היטלענ—פּי- לאָטקעס. אַלצ איז געווענ געמאַכט לויט די אָנווײַ- זונגענ אונ צייכענונגענ פונ נאַטשדיוו. די קליידער זײַ- נענ געווענ צוגעקליבנ אונ צוגעפּאַסט צו יעדערנ. ער פלעגט זאָגנ:

— אויב אַזאַ באַטאַליאָנ, אַזאַ דיוויזיע, וועט זיכ באַווײַזנ אינ יעדער אונדזער באַפרײַטער שטאָט, וועט דאָס פאַר אונדז זײַנ בעסער, איידער אַסאַכ ווער- טער. שטשאָרס האָט געגרייט זיכ אַליינ צו נײַע שלאַכטנ. ער פלעגט זיכ אויסשרײַבנ ביכער, אַנ ענ- ציקלאָפּעדישנ ווערטער-בוכ, מיליטערישע אָנווײַזונ- גענ. אינ קיינ איינע דיוויזיע אויף אוקראַינע איז ניט גע- ווענ אַזוי אוועקגעשטעלט די פּאָליטישע אַרבעט, ווי בא אימ. אינ די טיילנ פונ זײַנ דיוויזיע האָט מענ זיכ געלערנט אויף דער אייגענער מוטער-שפּראַכ. מענ איז געזעסנ איבערנ אַלעפבייז, איבער געאָגראַפישע קאַר- טעס.

ניקאָלײַ שטשאָרס האָט געהאַט אַ לעבנס-באַוווערטע —דאָס איז זײַנ פרוי פרומע ראָסטאָווע, וועלכע איז דורכגעגאַנגענ מיט אימ אַ האַרבע שול פונ פראָנטנ. זי איז מיט אימ אונ מיט אַלע קעמפער געווענ אויף די פאָדערשטע ליניעס, זי איז פּונקט ווי ניקאָלײַ גע- ווענ דרייסט אונ האָט ניט מורא געהאַט פאַרנ טויט.

די באווערטע פרומע ראָסטאָווע דערציילט וועגנ
ניקאָלײַענ אָט וואָס:

— ניקאָלײַ האָט אסאך צײַט אָפּגעגעבנ פויאגנ פונ
קילטיר, ווי נאָר ער האָט צונויפגעקליבנ די ערשטע
פּארטיזאנישע אָטריאדנ, האָט ער זיך געסטארעט פריִער
ער פאר אלצ דורכצולאָזנ זיי אינ באָד, אינ פאריק-
מאכערסקע אונ טייקעפּ צוטרעטנ לערנענ זיי. ער האָט
געפאָדערט, אז יעדער קעמפער זאָל טראָגנ די פאָר-
מע, א שטערנ, זאָל וויסנ דעמ סטאטוט, נאָך דער
סאמע פריידיקסטער טרויט איז בא ניקאָלײַענ געווענ
צו שאפנ אייגענע קאדרענ, אייגענע קאָמאנדירנ פונ
ארבעטער אונ פויערימ.

מאמעש אינ פולוועך-רויכ האָט ער געשאפנ די
גלענצנדע שול פונ רויטע קאָמאנדירנ. מע האָט נאָר
געדארפט זענ, וויאזוי ער האָט אָפּגעקליבנ דעמ לע-
רער-באשטאנד. וויאזוי ער האָט אָפּגעקליבנ די קור-
סאנטנ. וויאזוי ער האָט געלעבט אונ געכאָוועט די
שול, וויאזוי ער פערזענלעכ האָט געזאָרגט וועגנ יע-
דער קלייניקייט פונ ארבעט אונ שטייגער פונ די קור-
סאנטנ.

עס איז איינמאָל געווענ א מאָמענט, ווענ אונטערנ
דרוק פונ פרישע קויכעס פונ סוינע, האָט זיך די די-
וויזיע געפונענ אינ א שווערער לאגע. האָט מענ
שטשאָרסנ געצייצעט ער זאָל ווארפנ אינ שלאכט די
קורסאנטנ. אויסגעהערט פונ דעמ פאָרשלאָג, האָט ער
געענטפערט: „דאָס וועט ניט ראטעווענ די לאגע,

פֿאַרלירנ קאָנענ מיר זייער אַסאַכ, פֿאָרויס שטויענ
אונדז פֿאָר די סאַמע ערנסטע שלאַכטנ, איכ וועל
וואַרפֿנ אינ שלאַכט מײַנע קורסאַנטנ אינעמ סאַמנ
קריטישנ מאָמענט אונ וועל אַלײנ מיט ערע אומקו-
מענ מיט זײ צוזאַמענ".

אָט ווי שטשאָרס האָט זיכ באַצויגנ צו דער פּראַ-
גע פֿונ קאַדרענ אינ די יאָרנ פֿונ שווערנ קאַמפֿ.

אינ יול איז אונדזער דאָרעמ-פֿראָנט געווענ דורכ-
געריסנ. די דעניקינישע אַרמייענ האָבנ אָנגעהויבנ אַנ
אָנגריפֿ אַפֿ צאָפֿנ, אַפֿ מאָסקווע. שטשאָרס די-
וויזיע איז אַרײַנגעפֿאַלנ אינ זאַק.

פֿונ מערעוו זענענ געווענ די פּאָליאַקנ, אַפֿ דאָרעמ-
מערעוו — פּעטליורע, נאָכ דאָרעמדיקער — מאַכנאָ,
פֿונ מיזרעכ — די דעניקינצעס. ס'איז פֿאַרלאָרנ גע-
גאַנגענ קיעוו. אַפֿ עוואַקוירנ זיכ איז געבליבנ דער
אײנציקער אויסוועג — דורכ קאָראָסטענ אַפֿ האָמל.
זשיטאָמיר האָט זיכ עוואַקוירט. שטשאָרס האָט אָנ-
געפֿירט מיט דער עוואַקואַציע פֿונ די אַנשטאַלטנ
אונ הינטערלאַנד-טײלנ. אינ די קורצע מינוטנ פֿונ
אָפּרו פֿלעגט ער, אַ בלײכער, אַנ אויסגעמאַטערטער,
קײנעמ ניט קלאָגנדיק זיכ אַפֿ מידקײט אונ אַפֿ דער
פֿאַרשטאַרקטער קראַנקײט, אַרומגײנ מיט אַ בעסטנ
טראָט איבערנ פּעראָנ פֿונ זשיטאָמירער וואָקזאַל.

אַ ווײַטע ראַדיאָ-סטאַנציע האָט פֿונ ערגעץ-ווו הינ-
טער אָדעס, דאָרטנ ווו עס האָבנ זיכ דורכגעשלאָגנ די
מיליטער-טײלנ פֿונ יאַקירנ אונ פֿעדקאָ, אָנגעפֿרעגט

שטשאָרסן, ווו ער איז און וואָס ער טוט. שטשאָרס איז געשטאַנען אין קאָראָסטען, קימאַט אַרומגע־רינגלט, און מעטאָדיש אָפּגעשלאָגן א קלאַפּ נאָך א קלאַפּ. אהער זיינען ערשט צונויפגעקומען זיך זיינע קור־סאַנטן, וועלכע האָבן איבערגענומען די ראָטעס, און אויב ס'איז נויטיק געווען — אויך באַטאַליאָנען. שטשאָרס האָט זיך געפונען אין צענטער פון דאָרעמ־און מיי־רעוו־פראָנטן. צו אים האָבן זיך געצויגן די טיילן פון דאָרעם, אַף אים האָט זיך אָנגעשפּאַרט דער מייָרעוו־פראָנט. אַף אים האָבן מיט שרעק געקוקט די הייַטע, וועלכע האָבן פאַרנעמענדיק קיִעוו, מורע געהאַט צו גיין ווייַטער. שטשאָרס דיוויזיע האָט געהאַלטן דעם גאַנצן דאָרעם־מייַרעוו, פונקט אזוי, ווי די גאַנצע ריכטונג אַף מאָסקווע האָט געהאַלטן אָרדזשאָניקידזעס גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון דער לעטישער דיוויזיע און רויטן קאַזאַקנטום, און לינקער — דער רייַטער־קאָרפּוס פון בודיאָני און וואָראָשילאָוו, נאָך לינקער — די מאַטראָסן פון וואָלגע און קאַספּיע, וואָס האָבן געהאַלטן מיט קיראָוון — אַסטראַכאַן. דאָס זיינען געווען די גרונט־אָנשפּאַרונגען פון דאָרעמ־פראָנט, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט סטאַלין. דאָ האָט מען ניט געטאָרט אייַנלאָזן און אָפּטרעטן.

שטשאָרס איז געווען אומפּהערלעך אין די פּאָלקן. די פּעטליורישע פּאָלקן האָבן זיך א וואָרף געטאָן אַף קאָראָסטען, קעדיי צעקוועטשן און צערייַבן אונ־דזערע פראָנטן. זיי זיינען צוגעגאַנגען זייער נאָענט

.8—7 וויאָרסט.
און געפונען זיך אפּ א דיסטאַנץ פון 7—8 וויאָרסט.
אין דער אַנטשיידענער מינוט, פליעגט מיט א האַנט-
קוילנוואַרפער זיך באַוויזן שטשאָרס. די באַהונגעטע
און טאַראַשטשאַנצעס פלעגן זיך אויפהייבן אָן ווער-
טער און גיין אין שלאַכט. ס'איז געווען א היציקער
אָוונט. מענטשן זיינען געווען אויסגעמאַטערט פון
די אומופהערלעכע שלאַכטן אין פאַרלויף פון א יאָר.
קעדיי עס זאָל זיין גרינגער צו גיין אין קאָנטר-אַטאַ-
קע, פלעגן מענטשן אַראָפּוואַרפן די שטיוול פון די
פיס און מיט אויסגעשרייען: „זאָל לעבן לענין"! „זאָל
לעבן דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל"! זיך וואַרפן
פאָרויס. אונטערן פייער האָט זיך איינמאָל געלייגט א
פעטליורישער אָרקעסטער. שטשאָרס האָט אים אויפ-
געהויבן:

— שפּילט, פאָרויס!

דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבן שפּילן „סלאַווא"
שטשאָרס האָט זיי גענומען זינגען דעם „אינטערנאַציאָ-
נאַל"... דער אָרקעסטער האָט אין גאַנג גענומען
שפּילן דעם „אינטערנאַציאָנאַל" און אויך נאָכן נײַ-
עם קאָמאַנדיר...

*

אָט איז דער לעצטער טאָג פון שטשאָרס לעבן. דאָס
איז געווען דעם 31-טן אויגוסט 1919-טן יאָר. מיר
זיינען צוגעפאָרן צום דאָרף בעלאָשיצי. מיר האָבן
אָנגעהויבן גיין מיט דער ליניע פונעם פראָנט, ווען
קוילנוואַרפער האָט אָנגעהויבן האַסטיק צו

פײַער. דער קוילנוואַרפער האָט אונדז געצוווּנגענ זיכ לייגנ, ווײַל די קוילנ האָבנ בוכשטעבלעכ צעגראָבנ די ערד לעבנ אונדז.

אַז מיר האָבנ זיכ געלייגט האָט שטשאָרס אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר אונ געזאָגט:

— וואַניע, זע נאָר ווי דער קוילנוואַרפער שיסט אַזוי טרעפלעכ. נאָכדעם האָט שטשאָרס גענומענ דעם בינאָקל, נאָר ס'האָט ניט געדויערט קיינ אויגנבליק אונ דער בינאָקל איז אַרויסגעפאַלנ פונ זײַנע הענט. שטשאָרס קאָפּ איז אויכ צוגעפאַלנ צו דער ערד. איכ האָב אַ געשריי געטאָנ:

— ניקאָלײַ!

ער האָט זיכ אָבער ניט אָפּגערופנ. איכ טו אַ קוק אַפ זײַנ נאַקנ — בלוט. אינ 15 מינוט אַרומ איז שטשאָרס, ניט קומענדיק צו זיכ, געשטאָרבנ בײַ מיר אַפ די הענט.

אַז די שלאַכטמענער האָבנ זיכ דערוווּסט, אַז שטשאָרס איז געשטאָרבנ, האָבנ זיי אינ אויפברויז פונ נעקאָמע פאַרנ טויט פונ זייער קאָמאַנדיר זיכ אַ ריס געטאָנ פאָרויס אַפנ פײַנט. ניט געקוקט אַפנ שרעקלעכנ פײַער, זײַנענ די רויטאַרמייער דעם טאָג געגאַנגענ אינ אַטאַקע מיט אַזאַ שוווּנג, וואָס אַזאַ ווייסט ניט די געשיכטע. זיי זײַנענ געלאָפנ 25 וויאָרסט, 25 מאָל אָפּוואַרפנדיק פעטליורעס דיוויזיע. ס'האָט זיכ געטאָנ אומפאַרשטענדלעכעס אונ ווירק-לעכ אומבאַשרײַבלעכעס. קאָראָסטענ איז ניט אָפּגע-

געבן געוואָרן. אינגיכן האָבן זיך יאקיר און פעדקאָ דורכגעשלאָגן, זיי האָט באַגעגנט די ערשטע אוקראַ-נישע סאָוועטישע דיוויזיע.

שטשאָרס קעמפער האָבן גענומען די קורסאַנטן און אוועקגעפירט אים. די סאָנים פון דער רעוואָליוציע פלעגן דעמלט ארויסוואַרפן פון די קיאָרים פאַר די באַזיירים און הינט די קערפּערס פון די געפאַלענע רויטע קעמפער. די רעפּובליק האָט אויסגעקליבן אַן אָרט, ווו מען קאָן באַערדיקן שטשאָרסן, ווו עס איז געווען שטיל און ניט געפערלעך. דער טויטער שטשאָרס איז דורכגעפאָרן לענגאויס דעם גאַנצן דאָ-רעם-פראָנט פון דניעפּער ביז דער וואָלגע. שווייגנ-דיק איז געשטאַנען די וואַך. אַף אַלע סטאַנציעס פון אוק-ראַינע און רוסלאַנד איז געשטאַנען א גערויש פון די אונטערקומענדיקע רעזערוון. די דיוויזיעס האָבן געזונ-גען זייערע לידער: רוסישע, סטאַוראָפּאָלער, דאָנער, אוקראַינישע, לעטישע, עסטאָנישע, מאַטראָסישע, מאַדיאַרישע. ווי א פלאַם האָט געברענט דער גייסט פון דאָרעמדיקן סטאַלינישן פראָנט. מיר האָבן זיך גע-גרייט צום קאָנטר-אָנגריף. טויזנטער וויאָרסטן איז דורכגעפאָרן שטשאָרס. און אין איינעם אַן אָוונט האָט מען אים אין סאַמאַרע אַראָפּגעלאָזן אין קייווער.

— שלאָף רויק טייערער פריינט! — און דאָ גלייך אין א פאָרשטאָט פון סאַמאַרע האָט זיך אָנגעהויבן א שיסעריי. אויך אין דער סאַמע רויקער שטאָט פון דער רעפּובליק איז געגאַנגען א קלאַסן-מילכאָמע. פון

קיִווער האָט זיכ אופגעהויבנ זײַנ פרוי, פרומע ראָסטאָווע. פרומע — דער פאָרזיצער פונ אונעטשער בײַפראָנטישער משעקא. ס'האָבנ זיכ אופגעהויבנ די קורסאַנטנ אינ זײַנענ אוועק אינ שלאַכט.

*

די רויטע קאמפ-פאָנ וואָס איז ארויסגעפאלנ פונ די הענט פונעמ העלדישנ פיר-אונ-צוואנציק-יאָריקנ נאטשדיוו ניקאָלײַ שטשאָרס איז גיכ אונטערגעכאפּט געוואָרנ פונ אלע קעמפער פונ דער 44-טער דיוויזיע. דער אָנדענק פונ דעמ פלאמיקנ קעמפער אינ העלד, וואָס איז מיט רעכט אָנגערופנ פונ כאווער סטאלינ דער אוקראַינישער טשאַפּײַעוו, לעבט צווישנ צענדליקער טויזנטער אָנטײלנעמער פונ בירגערקריג.

*

אסאכ וואסערנ זײַנענ פארלאָפנ פונ יענער צײַט, ווענ עס איז אומגעקומענ ניקאָלײַ שטשאָרס. אנ אנדערע איז געוואָרנ אונדזער לאַנד, אנ אנדערע איז געוואָרנ די שטאָט סנאָווסק, ווו ניקאָלײַ שטשאָרס איז געבוירנ געוואָרנ. איצט איז דאָס ניט קײנ קלײנער, פארוואָרפענער אונ שטילער סנאָווסק. סנאָווסק וואַקסט. עס וואַקסנ די אײַזנבאנ-וואַרשטאטנ, עס זײַנענ אויסגעוואָקסנ זעג-געהילצ-זאוואָדנ עס זײַנענ אָר-

גאניזירט געוואָרנ קאָלווירטנ אונ סאָווירטנ. אינ יענטער פונ שטאָט א וואונדערבארער דענקמאָל לענינענ קינאָ, א טעאטער, א פאַבריק. די שטאָט סנאָווסק האָט געגעבנ אונדזער סאָציאליסטישנ פאָטערלאנד: געלערנטע, דיפּלאָמאטנ, אינזשענירנ; מיליטערישע ספּעציאַליסטנ, דאָקטוירימ, אגראָנאָמענ. די רעוואָלוּ- ציע האָט אויסגעהאָדעוועט אזעלכע מענטשנ, וועלכע געדענקענ גוט די ווערטער פונ זייער שטשאָרס:

— די רעוואָלוציע דיקטירט, די סאָוועטנמאכט באַפעלט אונ מיר דארפנ אויספילנ.

---

רעדאקטער אי. מאקארסקי טעכרעדאקטער א. בעלקינ
ליטקאָרעקטור ג. פרידמאנ קאָרעקטער ד. ווילהעלמ

אָפּגעגעבנ אינ דרוק—X/15-35 י. אונטערגעשריבנ צום דרוק—
3/I—36 י. צאָל דרוק-בויגנ $1\frac{5}{8}$. פאפּיר $1/32$ $94\times62$.
צאָל צייכנס אינ א דרוק-בויגנ 54.000. טיראזש 3185.
באשטעלונג נומער 874. גלאווליטבעל №Б1511.
פאראנטוו. קאָרעקטער פונ דרוקעריי—קראסיק

דרוקעריי א. נ. סטאלינ—מינסק.

# באמערקטע דרוק-פעלערנ

| זײַט | שורע | אפגעדרוקט | דארפ זײַנ | צוליב וועמעס שולד |
|---|---|---|---|---|
| 8 | 8 פונונטנ | פויריש | פויעריש | דרוקערײַ |
| 11 | 4 „ | וועט אָנהייבנ | וועסט אָנהייבנ | „ |
| 12 | 9 פונויבנ | אינ די מינווטנ | אינ די מינוטנ | „ |
| 52 | 2 „ | ענטער | צענטער | „ |
| 52 | 3 „ | קינאָ | א קינאָ | „ |

